ס. מאַרשאַק



צייכענונגען פון ב. קריוקאָוו

# א מײַסע ניט א קעצל

ס. מארשאק

# א מײַסע מיט א קעצל

פון רוסיש אווראָם קאהאן





קינדער־פארלאג פון אוסס״ר 1935

איז געווען אמאָל א מיידעלע. און ווי האָט זי
געהייסן?

ווער סע ווייסט,
ווי זי הייסט.
און איך טאקע ווייסט ניט.

און וויפל יאָר איז זי אלט געווען?
וויפל יאָר,
אזויפיל יאָר, —
ווייט פון פערציק, דאָס איז קלאָר,
און אלט איז זי פיר יאָר אינגאנצן.

און געהאט האָט זי. וועמען האָט זי געהאט? —
א גרויען
מיט וואָנצעס,
מיט אויגלעך, וואָס גלאנצן.
ווער־זשע איז דאָס אזוינס? — א קעצל.

האָט גענומען דאָס מיידעלע דאָס קעצל שלאָפן לייגן.

אונטער פלייצע אויסצובעטן
מיט א ווייכינק איבערבעטל.
און א ציכל אָנגעצויגן,
אז ס׳פינקלט אין די אויגן.



אונטער אויערלעך די שיינע —
ווייסע קישעלעך די קליינע.
און א קאָלדרע אפן בעט
אויסגעשפרייט און צוגעגלעט.

אוועקגעלייגט דאָס קעצל, און אליין איז זי געגאנגען וועטשערע עסן.



זי קומט צוריק,—זי טוט
א קוק—
די פיסלעכ אפנ קישנ,
אונ דאָס עקעלע
צעווישנ.
אזוי שלאָפט מענ?
האָט זי גענומענ דאָס קעצל
אונ עס אוועקגעלייגט ווי
ס'געהער צו זייַנ.
אפנ בעט
די איבערבעט
מיט א לייַלעכל
פארגלעט.
אונטער אויערלעכ די
שיינע
די קישעלעכ די קליינע.



אונ אליינ איז זי אוועק עסנ.
זי קומט צוריק,—זי טוט
א קוק—
ניט קייַנ ציכל,
ניט קייַנ טיכל,
אונ קייַנ קישעלעכ מע
זעט.
אונ דאָס קליינע,
אונ דאָס שיינע
איז ארונטער אונטער
בעט.





אזוי שלאָפט מענ? אָט א
נאריש קעצל!



האָט זיך דעם מיידעלע פאַרוואָלט דאָס קעצל אויסבאָדן.

זייף א שטיקעלע געקראָגן,
ברענגט א מולטערל צו טראָגן,
וואסער ריינע, ניט געטראכט,
און א שיסעלע געבראכט.
ס'טוט דאָס קעצל נאָר א שמעק
און פון מולטערל אוועק.

אָט א נאריש קעצל!



האָט דאָס מיידעלע גענומען לערנען דאָס קעצעלע ריידן.

קעצעלע, זאָג: באָ־בי־צע.
און סע זאָגט: מיאַו.
— זאָג: פער־דל.
און סע זאָגט: מיאַו.
— זאָג: די לע־רער־קע.
און סע זאָגט: מיאַו.
— זאָג: עלעק־טריקע
און סע זאָגט: מיאַו.

אלץ מיאַו און מיאַו. אָט א נאריש קעצל!

האָט מען גענומען האָדעווען דאָס קעצל.





מע גיט דעם אין א שיסעלע
מאַנע־קאַשע אביסעלע.
און סע וויל ניט.

שיט מען אָן א טעפּעלע
רעטעכלעך מיט עפּעלעך.
און סע וויל ניט.

גיסט מען מילך אָן אין א שאָל,־
אויסגעלעקט עס מיטאמאָל.

אָט א נאַריש קעצל!



איז אוועקגעגאַנגען דאָס מיידעלע שפּאַצירן. זי קומט אהיים — ניטאָ דאָס קעצל. זי זוכט עס אונ־טערן טיש — נישטאָ. אונטערן בענקל — נישטאָ, אונטערן בעט — נישטאָ, אונטער דער קאָמאָדע — נישטאָ, אפּנ אויוון — נישטאָ.

ווו זשע פאַרט איז דאָס קעצל?

קײן מײז האָט מען אין שטוב ניט געזען,
נאָר דערפאר זײנען בלײַערס פיל געװען,
זײ זײנען באַם טאטן אפן טיש געלעגנ
און אַרײַנ צום קעצל אין די נעגל.



האָט דאָס קעצל זיך געלאָזט איבערנ הויז,
געכאפט א בלײַער, װי א מויז.
און עס קויקלט און עס גלעט
פון דער שאפע ביזנ בעט,
פון דער װאנט צום טאבורעט,
פון קאָמאָד ביז צום בופעט,
פון בופעט עס קויקלט גיך
אונטער זיך און איבער זיך.



איז ארײַנ א מענטש צום פאפע
אינ פענסנע אונ אינ א שליאפע.
ניט באמערקט אונ ניט געצילט,
אז ס'ליגט א בלײַער אפנ דיל.

אויסגעגליטשט זיכ
אפ דער שוועל.
– געפאלנ
אונ געכאפט א טשמעל

אָט א נאריש קעצל!



דאָס מיידעלע האָט פֿאַרוויקלט דאָס קעצל אין א טיכל און איז אוועק אין זומער־גאָרטן שפּאַצירן.

מענטשנ פרעגנ: ווער איז עס בא אייַכ?
אונ דאָס מיידעלע ענטפערט: ס׳איז מייַנ טעכטערל.
מענטשנ פרעגנ: פארוואָס זייַנענ בא איר אזוי די בעקלעכ גרוי?
אונ דאָס מיידעלע ענטפערט: זי האָט זיכ וואשנ ניט געוואָלט.
מענטשנ פרעגנ: פארוואָס זייַנענ בא איר האָריקע לאפעס, אונ וואָנ־
צעס ווי באמ פאפע?
אונ דאָס מיידעלע ענטפערט: זי האָט זיכ לאַנג שוינ ניט געגאָלט.
אונ דאָ האָט דאָס קעצל א שפרונג געטאָנ אונ זיכ געלאָזט לויפנ —
האָבנ אלע דערזענ, אז ס׳איז גאָר א קעצל!
אָט א נאריש קעצל!
אונ שפעטער
מיט יאָרנ
איז עס א קאצ א כאכאָמע געוואָרנ.
אונ דאָס מיידעלע איז אויכ אויסגעוואקסנ אונ לערנט זיכ אינ שול.



רעדאקטער אי. גרינזײַד

סעכאָנסירער יא. אָלמאג

קאָרעקטער נ. ראכלים

